פאַרלאַג ״נײַע יידישע פֿאָלקסשול״



# מַעשֶׂהלעך פון
# עזאָפּ

איבערדערציילט פון
## ש. באַסטאָמסקי.

העפט III.

סעריע
״קינדער-
ליטעראַטור״
№ 28

ווילנע—1926

דרוקעריי ש. פּ. גאַרבער זאַוואַלנע 25.

# Bajki Ezopa

przekład S. Bastomskiego.

1926.

Drukarnia F. Garbera, Wilno, Zawalna 25.

## דאָס בעקעלע און דער וואָלף.

אויף אַ דאַך פון אַ הויז איז געשטאַנען אַ בע-קעלע. זעט ער—עס גייט פאַרביי אַ וואָלף.

האָט דאָס בעקעלע אָנגעהויבן אים צו זידלען און צו לאַכן פון אים.

האָט אים דער וואָלף געענטפערט:

— „בעקעלע, בעקעלע, ניט דו זידלסט דאָס מיר, נאָר דאָס אָרט, וווּ דו געפינסט זיך!"

## די פּאַווע און דער בושל.

אַ פּאַווע האָט געלאַכט פון דעם בושלס פעדערן:

איך בין אָנגעטאָן אין גאָלד און אין פּורפּור—האָט זי זיך באַרימט—און אויף דיינע פעדערן וועט דיר קיינער ניט מקנא זיין.

— דערפאַר אָבער דערגרייכט מיין פלי ביז צו די שטערן—האָט דער בושל געענטפערט—איך פלי הויך-הויך אין די הימלען און דו שלעפּסט זיך אַרום ווי אַ האָן איבער דר'ערד צוגלייך מיט די הינער.

## די פּאַווע און די האַלקע.

די פויגלען האָבן אַמאָל געוויילט אַ קיניג.

— מאַכט מיך פאַר אַ קיניג—האָט געזאָגט די פּאַווע—איך בין שענער פאַר איך אַלעמען.

די פויגלען וואָלטן זי טאַקע, קען זיין, אויס־געוויילט. נאָר ס'האָט זיך אַריינגעמישט די האַלקע און געפרעגט:

— דו וועסט אונדז אָבער קענען פאַרטיידיקן, ווען אויף אונדז וועט אָנפאַלן דער אָדלער?

## די קוואָקע און די שוואַלב.

אַ קוואָקע האָט געפונען שלאַנגענע אייער און האָט זיך געזעצט אויף זיי.

— וואָס טוסטו, דו שוטה, האָט געזאָגט צו דער קוואָקע אַ שוואַלב—ווי נאָר די שלאַנגען וועלן זיך אויסקיקן פון די אייער, וועלן זיי דאָך דיך די ערשטע איינבייסן!

## דער פויער און דער פוקס.

אַ פויער האָט געהאַלטן ביי זיך אַ פוקס. איינמאָל איז דער פויער אין כּעס געוואָרן אויפן פוקס און האָט באַשלאָסן אים אָנצולערנען. ער האָט אים צוגעבונדן צום עק פאַקלעס, איינגעווייקט עס אין אייל און אונטערגעצונדן.

גראָד אויפן אומגליק האָט דער פוקס גענו־מען לויפן איבערן קאָרנפעלד פון דעם פויער. אויפן פעלד האָט מען דאַן געשניטן. דער פויער

איז נאָכגעלאָפן נאָכן פוקס. ער האָט אָבער קיין זאַך ניט געקאָנט מאַכן. פון זיין קאָרן איז קיין סימן ניט געבליבן.

## דער פויער און דער לייב.

צו אַ פויער אויף אַ הויף איז אַריינגעלאָפן אַ לייב.

— דו וועסט שוין פון מיינע הענט ניט אַרויס— האָט געטראַכט דער פויער און פאַרהאַקט דעם טויער.

דער לייב האָט צעשטיקט די שעפסן און גע- נומען זיך צו די אָקסן.

— וויי איז מיר!—האָט גענומען דער פויער דאגהן און צוריק געעפנט דעם טויער.

דער לייב איז אַוועק און דער פויער האָט גע- וויינט מיט ביטערע טרערן.

— רעכט אויף דיר! - האָט דאַן געזאָגט זיין ווייב - וואָס האָסטו פאַרשפאַרט דעם לייב, אַז ד' דאַרפסט ציטערן פאַר אים פון וויטן.

## די שעשקע.

אַ פויער האָט געכאַפּט אַ שעשקע, געבונדן איר די פיס, כדי אַריינצוּוואַרפן זי אין טייך אַריין.

— דאָס דאַנקסטו מיר אַזוי אָפּ פאַר די נוצן,

וואָס דו האָסט געהאַט פון מיר? איך האָב דאָך אויס־
גערמאַט ביי דיר די מייז מיט די יאַשטשערקעס.

— דאָס איז אפילו אמת—האָט געענטפערט דער
פויער—אָבער דו האָסט אויך אויסגעשטיקט אַלע
מיינע הינער און געשלעפּט פלייש פון די טעפּ. דו
האָסט מיר מער שאָדן געבראַכט, ווי נוצן און דע־
ריבער קען איך דיר ניט מוחל זיין.

## דער פּאַסטעך און די שעפּסן.

אַ פּאַסטעך האָט אַריינגעטריבן זיינע שעפּסן אין
אַ דעמבן־וואַלד. האָט ער דאָרט דערזען אויף אַ דעמב
אַ סך ניס. דער פּאַסטעך האָט אויסגעשפּרייט זיין
מאַנטל אונטערן בוים, איז אַרויפגעקראָכן אויף
אים און גענומען אַראָפּטרייסלען די ניס פאַר די
שעפּסן.

עסנדיק די ניס, האָבן די שעפּסן דערווייל
צעגריזשעט דעם פּאַסטעכס מאַנטל.

— פּאַסקודנע בהמות!—האָט דער פּאַסטעך גע־
נומען שרייען, דערזעענדיק דעם צעגריזשעטן בגד—
אַנדערע גיט איר אַוועק אויף בגדים אייער וואָל און
ביי מיר, וואָס איך האָב אייך געגעבן עסן, האָט
איר צעגריזשעט מיין מאַנטל!

## די ליבעלע און די מוראַשקעס.

איינמאָל ווינטער האָבן מוראַשקעס געטריקנט פאַרנעצטע קערנדלעך. איז צו זיי צוגעגאַנגען אַ הונגעריקע ליבעלע און געבעטן:

— גיט מיר עפּעס עסן!

— פאַרוואָס האָסטו זיך זומער ניט אָנגעגרייט קיין עסן? - פרעגן איר די מוראַשקעס.

— איך בין געווען פאַרנומען—ענטפערט זי— איך האָב כּסדר געטאַנצט און געשפּילט.

— אויב דו האָסט זומער געשפּילט—האָבן מיט אַ געלעכטער אָפּגעענטפערט די מוראַשקעס—טאָ גיין ווינטער טאַנצן.

## דער קאָמאַר און דער אָקס.

אויף די הערנער פון אַן אָקס האָט זיך אַוועקגע-זעצט אַ קאָמאַר, איז זיך דאָרט געזעסן אַ ווײַלע און ס׳האָט זיך אים פאַרוואָלט אַוועקפליען.

— אפשר איז דיר ניט אָנגענעם, וואָס איך פלי אַוועק פון דיר?—האָט געפרעגט דער קאָמאַר בײַם אָקס.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת—האָט געענט-

פערט דער אָקס—ניט איך האָב באַמערקט ווי דו ביסט געקומען, ניט איך וועל זען, ווי דו וועסט אַוועקפליען.

## די הירשין און איר זון.

אַ הירשין האָט אַמאָל גענומען שטראָפן איר זון. — קינד מיינס—האָט זי געזאָגט—די נאַטור האָט דיר געשאָנקען אַזוינע הערנער, דו ביסט אַזוי געוואַקסן, און ווי נאָר דו דערזעסט אַ הונט, אַנט־לויפסטו... מאָדנע, איך פאַרשטיי דאָס ניט...

אינדעם האָט זיך פון דער ווייטנס דערהערט דאָס בילן פון אַ הונט.

די מוטער האָט אפילו ניט פאַרענדיקט ריידן און גלייך געמאַכט פליטה.

## די אָדלערין און די פיקסין.

אַן אָדלערין מיט אַ פיקסין האָבן זיך באַפריינ־דעט און זיך באַזעצט נאָענט איינע פון דער אַנדערער.

די אָדלערין האָט אויסגעבריט אירע קינדער אויף די צווייגן פון אַ הויכן בוים און די פיקסין— אין אַ קוסט ביי די וואָרצלען פון דעם בוים.

איינמאָל איז די פיקסין אַוועק אין וואַלד אריין

נאָך שפּייז. די הונגעריקע אָדלערין איז אַראָפּגע־
פלויגן צום קוסט, געכאַפּט די פיקסעלעך און גע־
מאַכט אַ סעודה פאַר זיך מיט אירע קינדער.

באַלד איז געקומען די פיקסין און דערזען
דעם אומגליק. העלפן זיך אָבער האָט זי ניט געקאָנט.
נקמה נעמען—אויך ניט. האָט זי זיך געשטעלט פון
ווייטן און געשאָלטן.

אינגיכן אָבער האָט דער פאַלשער שכן באַקו־
מען אַ פּסק.

אין פעלד האָבן מענטשן געבראַכט פאַר אַ
קרבן אַ ציג. די אָדלערין איז אַראָפּגעפלויגן, האָט
אַרויסגעכאַפּט אַ שטיק פלייש פון דעם קרבן און
צוזאַמען מיט אַ ברענענדיקן קויל געבראַכט עס צו
זיך אין נעסט אַריין.

דער ווינט האָט פונאַנדערגעבלאָזן די פונקען
און אַ פייער האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע נעסט. די
קליינע אָדלערלעך האָבן זיך אָפּגעסמאַליעט און
זיינען אַראָפּגעפאַלן אויף דר׳ערד.

דאָ איז צוגעלאָפן די פיקסין און האָט זיי אַלע
אויפגעגעסן פאַר דער אָדלערין אין די אויגן.

## דער לייב און דער פוקס.

אַן אַלטער שוואַכער לייב האָט ניט געהאַט וואָס צו עסן. האָט ער באַטראַכט צו קריגן שפּייז דורך אַ שפּיצל: ער האָט זיך אַריינגעלייגט אין דער נאָרע און געמאַכט זיך קראַנק.

די חיות האָבן אָנגעהויבן קומען צו אים מבקר חולה זיין. האָט ער זיי אַלעמען געכאַפּט און אויפגעגעסן.

אַ סך חיות האָט ער אַזוי אומגעבראַכט.

פון דערדאָזיקער געשיכטע איז געוואָר געוואָרן דער פוקס.

ער איז אויך געקומען צום לייב, אָבער ער האָט זיך געשטעלט פון דער ווייטן.

— וואָס מאַכסטו? — האָט דער פוקס געפרעגט.

— שלעכט—האָט געענטפערט דער לייב—וואָס עפּעס שטייסטו פון ווייטן? קום אַהער נעענטער.

— איך וואָלט אַריינגעקומען—האָט באַמערקט דער פוקס—איך זע אָבער, אַז אַריינגעקומען זיינען צו דיר אַ סך חיות און אַרויס צוריק—קיין איינע ניט.

## דער סוחר און דער אייזל.

אַ סוחר האָט געהאַט אַן אייזל. איינמאָל האָט דער סוחר געקויפט זאַלץ. האָט ער דאָס אָנגעלאָדן אויפן

אייזל און געטריבן אים איבערן וועג. דער אייזל האָט זיך אויסגעגליטשט און איז אַריינגעפאַלן אין וואַסער. אַ טייל זאַלץ איז אין וואַסער צעגאַנגען געוואָרן. דער אייזל האָט זיך אויפגעהויבן און איז באַלד גיך אוועק מיטן וועג.

קומענדיק אַהיים, האָט דער באַלעבאָס ווידער אָנגעלאָדן דעם אייזל מיט זאַלץ. דער אייזל האָט זיך שוין איצט בכיוון אַראָפּגעלאָזן אין וואַסער. די זאַלץ איז ווידער צעגאַנגען און דעם אייזל איז ווידער גרינגער געוואָרן צו גיין.

דער באַלעבאָס האָט פאַרשטאַנען דעם קונץ און האָט באַשלאָסן דערפאַר אָפּצוטאָן זיין אייזל.

ער האָט אים אָנגעלאָדן מיט שוואָמען און אוועקגעטריבן מיטן זעלביקן וועג.

דער אייזל האָט זיך באַלד אַריינגעוואָרפן אין וואַסער. די שוואָמען זיינען דאָרט אָנגעקוואָלן. דער אייזל איז קוים אַרויסגעקראָכן און געדאַרפט שלעפּן אַ צווייאיקע מַשָׂא.

## דער אייזל אין לייבנפעל.

אַן אייזל האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ לייבנפעל. די מענטשן און די חיות האָבן אים אָנגענומען פאַר אַ לייב און געלאָפן פון אים אַנטלויפן.

נאָר ס׳האָט אַ בלאָז געטאָן אַ ווינט און אַראָפּ־געריסן פון אייזל דאָס פעל. דער אייזל איז געבליבן הויל.

דאַן איז זיך צונויפגעלאָפן אַן עולם און מע האָט דעם אייזל גוט אָנגעבראָכן די ביינער.

## דער אייזל—דער נאָכמאַכער.

אַן אייזל איז אַמאָל אַרויפגעקראָכן אויף אַ דאַך, גענומען זיך דאָרט שפּילן און צעבראָכן אַלע קאַכליעס.

דעם אייזל האָט מען דערפאַר גוט אָנגע־בראָכן די ביינער.

— פאַרוואָס שלאָגט מען מיך — האָט זיך דער אייזל געקלאָגט—ניט לאַנג האָט דאָסזעלבע געטאָן די מאַלפּע און אַלע האָבן דערפון געקליבן נחת?

## דער וואָלף און די פּאַסטעכער.

אַ וואָלף האָט אַמאָל דערזען, ווי עטלעכע פּאַסטעכער זיצן אין אַביידל און עסן אַ שעפּס. איז ער צו זיי צוגעגאַנגען און אַזוי געזאָגט:

— ברידערלעך, איך שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר אַ ליאַרעם איר וואָלט דאָס אָנגעמאַכט, ווען איך, אַ שטייגער, וואָלט געטאָן דאָס, וואָס איר טוט!

---

## דער ליגנער.

אַ יינגל האָט געפּיטערט שעפּסן. האָט זיך אים פאַרוואָלט אָפּנאַרן די פּויערים פון דאָרף. האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען:

— ראַטעוועט! אַ וואָלף!

די פּויערים זיינען געקומען צולויפן און האָבן דערזען, אַז מע האָט זיי אָפּגענאַרט.

אַזוי האָט דאָס יינגל אָפּגעלאַכט פון זיי עטלעכע מאָל.

איינמאָל איז טאַקע אויף אַן אמתן געקומען אַ וואָלף.

— ראַטעוועט! אַ וואָלף! האָט דער ליגנער גענומען רופן.

קיינער האָט אים שוין אָבער ניט געגלויבט און איז צו אים נישט געקומען.

דער וואָלף האָט אויסגעשטיקט די גאַנצע טשערעדע.

## דער לייב און דער ווילדשוויין.

אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג זיינען געקומען צו אַ קוואַל אַ לייב און אַ ווילדשוויין. ביידן האָט גע-מאַטערט דער דאָרשט. האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו-

אַמפּערן, ווער עס זאָל טרינקען דער ערשטער.
ס'האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אַ שטאַרק געשלעג.
מיטאַמאָל האָבן זיי דערזען איבער זיך אַ סטאַיע קאָרשונעס. די קאָרשונעס האָבן שוין גע־וואָלט אָפּלעקן אַביינדל. די קריגער האָבן זיך דאַן אויפגעהערט צו שלאָגן און געזאָגט:
— בעסער לאָמיר שליסן שלום, איידער אַריינ־צופאַלן צו די ראָבן מיט די קאָרשונעס.

## דער לייב און די מויז.

אַ לייב איז געשלאָפן. איז איבער אים אַרי־בערגעלאָפן אַ מויז.
דער לייב האָט זיך אויפגעכאַפּט, געכאַפּט די מויז און געוואָלט זי אויפעסן.
— האָב רחמנות! האָט די מויז זיך גענומען בעטן—לאָז מיך לעבן! איך וועל דיר דערפאַר אָפּ־טאָן אַ טובה.
דער לייב האָט אַ שמייכל געטאָן און זי אָפּגעלאָזן.
אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן יעגער גע־פאַנגען דעם לייב און צוגעבונדן אים מיט אַ שטריק צו אַ בוים.

דערהערט דאָס ברומען פון דעם לייב, איז די מויז געקומען צו לויפן, האָט איבערגעגריזשעט די שטריק און באפרייט דעם לייב.

— דו האָסט פריער געלאכט פון מיר — האָט די מויז געזאָגט צום לייב—דו האָסט געמיינט, אַז אַ מויז וועט דיר שוין קיינמאָל ניט קענען אָפּטאָן קיין טובה; זיי וויסן, אַז אַ מויז געדענקט אויך אַ טובה.

## צוויי מייז.

אַ שטוביקע מויז איז אַמאָל געקומען צו גאַסט צו אַ פעלדמויז. די פעלדמויז האָט אַרויסגעפירט די חברטע אויפן פעלד און זי מכבד געווען מיט גראָז.

דער כיבוד איז דער שטוביקער מויז שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מיין פריינד— רופט זי זיך אָפּ צו דער פעלדמויז—איך בין דיר גאָרניט מקנא—אָט קום צו מיר, וועל איך דיר מכבד זיין מיט אַלץ, וואָס דו וועסט נאָר וועלן.

די פעלדמויז האָט אָנגענומען די איינלאַדונג און איז אַוועק צו דער שטוביקער מויז צו גאַסט.

אין שטוב האָבן די מייז געפונען פון כל־טוב: ברויט, גריַנס, האָניק און נאָך אַ סך גוטע זאַכן.

דער גאַסט האָט געקוקט אויף די אַלע גוטע זאַכן און ניט געקענט זיך אָפּוווּנדערן.

באַלד האָט די שטובּיקע מויז נאָך אַרויסגעשלעפּט אַ שטיקל קעז. די חברטעס האָבן זיך געזעצט אויפן טיש.



פלוצלונג האָט עמיצער אָן עפן געטאָן די טיר ביידע מייז האָבן מיט אַ קוויטש זיך אַ וואָרף געטאָן אין דער נאָרע אַריין און צוגעדריקט זיך איינע צו דער אַנדערער.

אין אַ ווײַלע אַרום זיינען זיי ווידער אַרויס פון דער באַהעלטעניש און גענומען שלעפּן פון אַלמער ווײַנטרויבן.

נאָר דאָ איז מען צוגעגאַנגען צום אַלמער. די מייז האָבן זיך ווידער באַהאַלטן אין די לעכער.

— ניין, מיין פריינד, איך בין דיר גאָרניט מקנא—האָט דאַן געזאָגט די פעלדמויז—ביי דיר אין שטוב איז טאַקע פאַראַן פון אַלדאָס גוטס, מ'דאַרף זיך אָבער כסדר שרעקן, מע קען רויק קיין ברעקל אין מויל ניט אַריינלייגן. איך עס נאָר גראָז, לעב אָרעמער פאַר דיר, דערפאַר אָבער ווייס איך ניט פון קיין שרעק.